מאקס האַרטונג.

# קלעפּטאמאניע.

פּאַרס אין 1 אַקט

יודיש דורך זלמן זילבּערצווייג.

תרע"ט
1919.






## פערזאָנען:

פּראָפעסאָר הערמאַן ביכנער.

עלזע — זײַן פרוי.

לילי — זיין טאָכטער.

ד"ר מאַקס פּריש — איהר חתן.

אַסעסאָר שטיין.

האַנאַ — אַ דינסטמיידעל בײַ ביכנער'ן.

אָ ר ט : א גרויסע שטאָדט.

צ ײַ ט : געגענוואַרט.

Drukarnia Pimont i Szwalbe, Warszawa, Sierakowska 4.

אַ שײן מעבּלירט צימער.

מיטעל־טיר. טיר רעכטס. רעכטס נעבּען דער מיטעל־טיר אַ פּיאַנינאָ און אַ קלאַװיר. רעכטס, פּאָרנט אַ ביכערשאַנק. לינקס, הינטען אַ אויװען. לינקס, פּאָרנט — אַ שאַנק מיט אַ געזימס, אויף װעלכען ס׳שטעהען װאַזעס און בּראָנז־פיגורען. רעכטס אַ זאָפאַ, טיש און שטולען. אויפ׳ן טיש — קאַװע־געשיר, אַ פּערל־מוטערן מעסער און אַ טיש־גלאָק. לינקס אַ טיש און שטולען.

בּייטאָג.

# ערשטער אויפטריט.

## לילי, עלזע, פּראָפעסאָר.

**לילי** און **עלזע** (זיצען אויף דער זאָפע רעכטס, לעזען די מאָרגען־צייטונגען).

**פּראָפעסאָר** (זיצט אויף אַ שטול לינקס פון דער זאָפע).

**לילי** (לעזט): „זי טעג איז אין אַ װײסװאַרג־געשעפט אויף דער... גאַס געקומען אַ עלעגאַנט־געקלײדעטע דאַמע און זיך געהײסען װײזען פערשידענע זאַכען. װען זי איז אַװעקגעגאַנגען, האָט דער אײגענטימער פון געשעפט בּעמערקט, אַז ס׳פעהלט איהם אַ קינדער־יאַקע, װאָס איז ערשט געלעגען אויפ׳ן טיש. ער האָט בּאַלד אַרויסגעשיקט אַ אָנגעשטעלטען נאָך דער דאַמע. װען די דאַמע איז צוגעקומען צו אַ רײך הויז און אַרײנגעגאַנגען אין טויער, האָט זי אַרויסגענומען די יאַקע, װאָס זי האָט געהאַט בּעהאַלטען אונטער איהר מאַנטעל און געװאָלט אַרײנגעהן אין אַ װאוינונג אויפ׳ן

גרשטען שטאָף. דער יונגער מאַן איז אָבער שנעל צוגעגאַנגען און פערלאַנגט די יאַקע. די דאַמע האָט אָנגעהויבען צו פּראָטעסטירען, ס'איז געוואָרען אַ טומעל און אויף די געשרייען איז אַרויסגעקומען דער מאַן פון דער דאַמע, אַ בעקאַנטע פּערזענליכקייט, וועלכער האָט באַלד אויפגעקלערט די גאַנצע זאַך, אַז מ'האָט צו טון מיט אַ פּערזאָן, וואָס ליידט אויף קלעפּטאָמאַניע".

**עלזע** (אין דער לינקער זייט זאָפע, הוסט בעת'ן לעזען איינינע מאָל, ווי געבענדיג דערמיט סימנים און וואַרפט בליקען אויף איהר מאַן).

**פּראָפעסאָר** (אויפ'ן שטול לינקס פון דער זאָפע, בעמערקט נישט די געגעבענע סימנים): דאָס איז אַ בבא-מעשה! ווער גלויבט דאָס אַזעלכע נאַרישקייטען!

**עלזע** (הוסט ווידער בעדייטונגספול).

**פּראָפעסאָר**: עלזע, דו הוסט אַזוי שרעקליך, פאַרוואָס פרעגסטו נישט אַ דאָקטאָר?

**עלזע** (וואָס האָט אונרוהיג געקוקט אויף דער טאָכטער): לילי, געה גאָר אַרויס און גיב אַ קוק וואָס ס'הערט זיך אין קיך!

**לילי** (אויפ'ן רעכטען עק זאָפע): וואָס זאָל דען זיין אין דער קיך, מאַמאַ?

**עלזע**: אַז איך זאָג דיר געה, זאָלסטו נישט פרעגען. נעהם-מיט דאָס קאַוע-געשיר. דאָס פּערעלמוטערנע מעסער לאָז איבער, ווייל די שייד איז געוואָרען לאָקער און כ'וועל עס געבען צו רעפּערירען.

**לילי** (פאַר זיך): זי האָט ווידער כוונות מיט'ן פּאַפּאַ (הויך) איך בין דאָך שוין מעהר נישט קיין קינד!

**עלזע** (קוקט זי בעפעהלעריש אָן).

**לילי** (שטעהט אויף און געהט נישט ווילענדיג אָב מיט'ן קאַווע-געשיר דורך דער מיט).

## צווייטער אויפטריט.

### עלזע, פּראָפעסאָר.

**עלזע**: איך האָב שוין געוואָלט מיט דיר איינינע מאָל רייידען. לילי'ס חתן ווייזט אויס צו זיין אַ טיכטיגער דאָקטאָר און דורך דער קורצער צייט פון זיין פּראַקטיק האָט ער זיך שוין ער-

וואָרנען אַ נאָמען. ער איז מיר אויך זעהר גוט געפעלען, ביז...

פּראָפעסאָר: ביז? —

עלזע: ביז מיט אַ קורצע צייט צוריק. זאָג, ליבער הערמאַן, איז דיר גאָרנישט געוואָרען אויפפאַלענד ביים דאָזיגען יונגעמאַן?

פּראָפעסאָר: ניין! (ער שטעהט-אויף, נעהמט ארויס אַ בוך פון דער ביכער-שאַנק, זעצט זיך צוריק אויף זיין פריהערדיג אָרט, עפענט אויף דאָס בוך און לעזט עס. ער ענטפערט אָבער יעדעס מאָל, כאָטש נישט גערנווילינג).

עלזע: האָסט ווירקליך גאָרנישט בעמערקט? און ווען לילי האָט פריהער געלעזען די געשיכטע מיט דעם גנבה, האָסטו נישט בעמערקט די צייכענס, וואָס כ'האָב דיר געגעבען? דייטליכער האָב איך עס נישט געקאָנט מאַכען, כדי לילי'ן זאָל נישט ווערען אויפ-פאַלענד וואָס איך מיין. הערמאַן, ביז היינט האָב איך געשוויגען, אָבער איצט קאָן איך שוין מעהר נישט. דו זאָלסט וויסען, ליבער מאַן, אַז אונזער טאָכטער'ס חתן, דר. פּריש, ליידט אויף קלעפּטאָמאַניע!

פּראָפעסאָר (אונצופרידען): דו ביזט אַראָפּ פון זינען! אַזא זאַך זאָגט מען ניט אַזוי לייכט, פריהער ווי מ'האָט בעוויזען.

עלזע: איך האָב אָבער בעוויזען. איינמאָל, ס'איז געווען גראָד דאַן, ווען דו האָסט געקויפט נייע ביכער און ס'איז נישט געווען פאַר זיי קיין אָרט, אַזוי, אַז כ'האָב זיי געמוזט אַריינלעגען דאָ (ווייזט אן אויף רעכטס) אין שאַנק, איז געקומען דר. פּריש. איך האָב געהאַט ליגען אויפ'ן טיש אַ נייעם שוואַרצען טרויער-באַנד, וואָס כ'האָב געטראָגען אַלס טרויער נאָך דער פער-שטאָרבענער מומע. קיינער איז נישט געווען אין שטוב, אויסער אונזער טאָכטער'ס חתן, און ווען איך בין צוריק אַריינגעקומען, איז דער באַנד געווען פערשוואונדען.

פּראָפעסאָר (ווי פריהער): אָבער צו וואָס טויג איהם אַ שוואַרצע באַנד!

עלזע: אָט דאָס איז עס דאָך! דאָס בעווייזט דאָך די קלעפּ-טאָמאַניע! פאַר דעם, וואָס ליידט אויף קלעפּטאָמאַניע, איז נישט קיין אונטערשייד וואָס ער גנב'עט.

פּראָפעסאָר: אַך, צוליב אַ פערשוואונדען שטיקעל באַנד

קאָן מען נאָך נישט וואַרפֿען אַ חשד אויף אַ מענשען.

עלזע: ווי איז אָבער, אַז דאָס איז נישט די איינציגע זאַך, וואָס ווערט פֿערשוואונדען, זייט ער קומט אַריין צו אונז? איך וואָלט דיר געקאָנט אויסרעכענען פֿיל זאַכען, וואָס זענען פֿערשוואונדען פֿון טיש צו־ב. און שטענדיג, ווען דאָס געשעהט, איז גראָד דר. פֿריש געווען ביי אונז. יאָ, ער האָט זאָגאר (שטיל) צו־גענומען מיינס אַ זאָקען־בענדעל.

עלזע (שטעהט אויף און געהט האַסטיג צו צו איהר מאַן): דו גלויבסט מיר נישט? איך האָב עס פֿריהער געוואוסט, דו ווייכט דען וואָס ס'טוט זיך ביי אונז אין שטוב! דו האַלטסט דאָך שטענ־דיג אין לעזען און וואָס ס'געשיהט אַרום דיר, האָסטו נישט קיין אַהנונג. נו, נו, לעז דיר, נאָר איין זאַך זאָלסטו וויסען, אַז איך וועל קיינמאָל נישט איינשטימען, אַז אונזער לילי זאָל חתונה האָ־בען מיט'ן דר. פֿריש, דו הערסט? (אָב רעכטס און קלאַפּט צו די טיר).

פּראָפֿעסאָר: וואָס פֿרויען קאָן אַלץ איינפֿאַלען... צוליב אַ זאָקענבענדעל... אַך, נאַרישקייטען (לעזט ווייטער).

## דריטער אויפֿטריט.

פּראָפֿעסאָר, האַנאַ.

האַנאַ (אַ עלטער דינסטמיידעל, קומט דורך דער מיט): ה' פּראָפֿע־סאָר, ה' דר. פֿריש...

פּראָפֿעסאָר (פֿאַר זיך): אַך, און דאָ האַלט איך גראָד אויף אַזאַ איגטערעסאַנטע שטעלע! (הויך) זאָל ער אַריינקומען! (ער נעהמט פֿון טיש דאָס פֿערלכוטערנע מעסער, לעגט עס אין בוך אַריין צווי־שען די זייטען, ביי וועלכע ער האָט זיך אָבגעשטעלט, פֿערמאַכט דאָס בוך, שטעהט אויף און לעגט עס אַוועק אויף זיין אָרט אין דער ביכער־שאַנק אויף רעכטס, דערנאָך געהט ער אָב רעכטס).

## פֿערטער אויפֿטריט.

דר. מאַקס פֿריש און האַנאַ (קומען אַריין דורך דער מיט).

האַנאַ: איך רוף באַלד אַריין די הערשאַפֿטען! (אָב רעכטס).

## פינפטער אויפטריט.

### פריש (אליין).

**פריש** (בעקוקט זיין זייגער): **איך** קום זאָגאַר אַ ביסעל צו פריה. אַזוי אָבער ווי מיין צוקונפטיגע שוויגער האָט זיך נעכטען שלעכט געפיהלט, ווען ביי איהר זיין זעהר אָנגעלעגט, וואָס איך בין געקומען שוין אַזוי פריה נאָכפרעגען אויף איהר געזונד. אַז מ'האָט ליב די טאָכטער, טאָר מען אין דער מוטער אויך נישט פערגעסען (בעטראַכט זיין לינקע האַנד, וועלכע ער האַלט אַ ביסעל בעהאַלטען). ווען איך וואָלט נאָר געהאַט מיין פערלאָבונגס-רינג! נעכטען, ווען איך האָב זיך אָבגעוואַשען, האָב איך איהם אַוועקגעלעגט און כע־געסען איהם ווידער אָנצוטון, ווייל מ'האָט מיך שנעל אַוועקגערופען צו אַ קראַנקען. ווען איך בין צוריקגעקומען, איז דער רינג געווען פערשוואונדען. איך האָב געפרעגט מיין ווירטין, וואו דער רינג איז, האָט זי זיך בעליידיגט, און געזאָגט, אַז זי האָט איהם נישט צוגענומען און ווייס נישט, וואו ער איז. איך האָב זיך אָנגעהויבען נאָכצופרעגען, צי ס'איז ווער געווען ביי מיר אין צימער אין מיין אָבוועזענהייט. ס'איז אָבער קיינער נישט געווען, אויסער מיין צוקונפטיגער שווער, דער פראָפעסאָר, וואָס האָט זיך נישט געקענט דערוואַרטען אויף מיר און איז אַוועקגעגאַנגען. ווען לילי זאָל בעמערקען, אַז איך האָב מעהר נישט דעם רינג, ווייס איך גאָר נישט וואָס זי וואָלט געזאָגט. איך וועל מיר מוזען קויפען אַ נייעם רינג. זי קאָן אָבער יעדען אויגענבליק אַריינקומען... וואָס טון איך?... אַך, ווען איך וואָלט דערווייל געקאָנט בעקומען אַ רינג...

## זעקסטער אויפטריט.

### דער פאָריגער, האַנאַ.

**האַנאַ** (קומט אַריין פון רעכטס, כדי דורך דער מיט דורכצוגעהן אין קיך).

**פריש:** האַלט, איך האָב עס! (ער כאַפט אָן האַנאַ'ן) גוטע פרוי — ווייזט מיר אייער האַנד! (זי ווייזט) איהר זענט אַ אלמנה

און איהר טראָגס נאָך אייער רינג... אייער האַנד איז געמעט אַזוי ווי מיינע... איך בעט אייך, ערלויבט מיר אָנצוטון אייער רינגעל!

האַנאַ: דאָס רינגעל געהט אָבער נישט אַראָב פון פינגער.

פריש: וואָס הייסט, ער געהט נישט אַראָב?

האַנאַ (ווייזט איהם): יאָ, איהר זעהט דאָך!

פריש: אַך, לאָזט נאָר מיך צו, איך וועל איהם שוין אַראָבנעהמען. איהר מוזט איהם אונבעדינגט אַראָבנעהמען, איהר הערט! ער איז אַזוי געגעפרעסט, אַז ער שטערט די צירקולאַציע פון בלוט. דער פינגער קאָן נאָך ווערען בראַנדיג און מ'וועט מוזען אַראָבנעהמען דעם גאַנצען פינגער (וויל איהר אַראָבציהען דעם רינג).

האַנאַ (לאָזט זיך נישט, שרייט): שלעפט נישט דעם רינג! אוי, מיין פינגער! מיין פינגער!

פריש (האָט אַראָפּגעצויגען דעם רינג, פערהאַלט איהר דאָס מויל און וואַרפט זי אַרויס דורך דער מיטעלטיר). אָט, אַזוי! (טוט איהם אָן) ער זעהט אויס גראָד ווי מיינער.

## זיבעטער אויפטריט.

### פריש, לילי.

לילי (קומט אַריין דורך דער מיט): גוט מאָרגען, ליבער מאַקס!

פריש: גוט מאָרגען, מיין טייערע!

לילי: וואָס איז עפּעס מיט דער דינסט? וואָס שרייט זי אַזוי: מיין פינגער?

פריש: ווער... די דינסט?

לילי: יאָ, די דינסט!

פריש: די דינסט... אַהאַ, די דינסט... יאָ, די דינסט... דער פינגער... כע... כע... כע... פערשטעהסט, איהר רינגעל איז איהר געוואָרען ענג און דער פינגער האָט אָנגעהויבען געשוואָלען צו ווערען, האָב איך איהם אַראָבגענומען.

לילי: וואָס, דעם פינגער?

פריש: ניין, דאָס רינגעל! און ווייל ס'האָט איהר וועה געטון, שרייט זי...

לילי: פּאַסירט עס אָפט אַזוי מיט די רינגלעך?

פֿריש: ניין, נאָר ביי פערזאָנען, וועלכע האָבען שוין זייער רינגעל נישט אַראָבגענומען פֿיל יאָהר — אייגענטליך נאָר ביי אַלטע לייט.

לילי (פּרובירט): מיין רינגעל איז מיר טאַקע נישט צו ענג און ווי איז מיט דיינס?

פֿריש: וואָס טויג אונז אָבצוגעבען זיך מיט אַזעלכע נאַרישע זאַכען?! דו, זאָג מיר בעסער, האָסט גערעדט מיט דיין מוטער? וואָס זאָגט זי? היינט האָבען מיר דעם 2 מערץ און ביז צום 31 מוזען מיר האָבען חתונה געהאַט. מעהר וועל איך נישט לאָזען אָבשלעפּען אונזער גליק!

לילי: איך וואָלט אויך געוואָלט. וואָס טוט מען אָבער, אַז די מאַמאַ וויל גאָרנישט הערען, אַז מיר זאָלען שוין חתונה האָבען.

פֿריש: שוין חתונה האָבען! איך וואַרט שוין 4 וואָכען, ניין, זייט — 4 מאָל 7=28 — אַכטאונצוואַנציג טעג זענען מיר שוין פֿערלאָבט און...

לילי: יאָ, אָבער מיינע קליידער זענען נאָך נישט פֿערטיג.

פֿריש: וואָס דאַרפסטו האָבען קליידער? אַזוי ווי דו שטעהסט און געהסט, אין דיין הויז-קלייד ביזטו ענטציקענד און איך וויל דיך אַזוי נעהמען. דו געפֿעלסט מיר אַזוי שענער ווי אַלע אַנדערע אין די שענסטע, פּרעכטיגסטע קאָסטיומען. נו, גיב מיר דערווייל אַ קוש.

לילי (קושט איהם).

פֿריש: נאָך איינעם (לילי קושט). נו. נאָך, קוש און ווער נישט מיד.

לילי: אָ, ניין, מאַקס, איך האָב מורא, די מאַמאַ קאָן נאָך אַריינקומען, לאָז מיך אָב (רייסט זיך אַרויס).

פֿריש: ווי דו שרעקסט זיך פֿאַר דיין מאַמאַ. אפילו קושען האָסטו מורא. אָ, איך מוז היינט ריידען מיט דער מאַמאַ. די חתונה טאָר לענגער נישט אָבגעלעגט ווערען. און אָט איז די מאַמאַ!

## אַכטער אויפֿטריט.

די פֿאָריגע, עלזע קומט אַריין (פֿון רעכטס).

**פריש** (צו דער אַריינגעקומענער): גוט מאָרגען, זעהר געעהרטע צוקונפטיגע מאַמאַ!

**עלזע**: גוט מאָרגען!

**פריש**: פיהלט איהר זיך שוין געזונד?

**עלזע** (זוכט אויפ'ן טיש רעכטס דאָס פערעלמוטערנע מעסער; אַזוי ווי זי געפינט עס נישט, וואַרפט זי אַ דורכדרינגענדען בליק אויף פריש'ן, צו זיך): דאָס מעסער איז נישטאָ. (הויך) יאָ, איך פיהל זיך שוין גאַנץ גוט! טיילמאָל רייסט מיר נאָר אַ ביסעל אין די גלידער, אַזוי ווי מ'וואָלט מיר געשניטען מיט אַ **מעסער**!

**פריש**: וועל איך אייך עפּעס פערשרייבען און סוועט באַלד אויפהערען. לילי, זיי אַזוי גוט און גיב מיר פּאַפּיר, טינט און פעדער.

**עלזע** (נעהמט אַרויס אַ בליישטיפט): איך האָב אַ בליישטיפט. עס איז אָבער אָהן אַ שפּיץ. איהר האָט דאָך געוויס אַ מעסער אָבצושניצען

**פריש**: איך האָב ביי מיר פּאַפּיר און אַ טאַשען-מעסערל (נעהמט אַרויס ביידע זאַכען). זייט אַזוי גוט און גיט מיר דאָס בליישטיפט.

**עלזע**: ניין, איך וועל אַליין אָבשניצען.

**פריש** (גיט איהר זיין קליין טאַשענמעסערל).

**עלזע**: האָט איהר נישט אַ אַנדער מעסער? מיט אַזאַ קליין מעסערל שניצט זיך ניעט אַזוי גוט. האָט איהר נישט ביי זיך אַ גרעסער מעסער?

**פריש** (קוקט זי אָן פערוואונדערט): ניין!

**עלזע**: אַמבעסטען וואָלט זיך געלאָזט אָבשניצען מיט אַ מעסער מיט... מיט אַ פערלמוטערן הענדטעל. זוכט נאָר נאָך אַמאָל, איהר האָט געוויס ביי זיך אַזאַ מעסער... איהר ווייסט אפשר אַליין נישט... (זי קוקט ווידער פאָרשענד אויף דער רעכטער זייט פון טיש).

**לילי** (הערט זי אויס מיט אַ וואַקסענדער בעאונרוהיגונג): אָבער, מאַמאַ!

**פריש** (אפּארט): מיר דאַכט זיך, אַז זי איז נישט ביים קלאָרען זין. (הויך) לילי, דער פּאַפּאַ איז דאָ?

**לילי** (דערשראָקען): דאַכט זיך, יאָ.

פריש: טאָ בעט איהם אַריין. זאָג איהם, אַז איך רוף איהם.
לילי (אָב שנעל רעכטס).

פריש: ליבע מאַמאַ (פרובט איהר צו טאַפּען דעם פּולס), איהר זענט אָנגעגריפּען... איהר זענט שטאַרק אויפגערעגט... איך וועל אייך פאַרשרייבען אַ מיטעל זיך צו בערוהיגען. זייט וועט ליידט איהר אויף דעם? (נעהמט צו ביי עלזע'ן דאָס בליישטיפט און מעסער, שניצט עס שנעל אָב, זעצט זיך לינקס ביים טיש און שרייבט).

עלזע (אַפּארט): ניין, ליבער יונגערמאַן, אַזוי גלאַטיג וועט עס נישט אָבגעהן!

## ניינטער אויפטריט.

פריש, עלזע, פּראָפעסאָר און לילי: (קומען פון רעכטס)

עלזע: גוט, וואָס דו ביזט געקומען. איך וויל דיך נאָר פרעגען: דו האָסט גענומען פון דעם טיש (ווייזט אויף רעכטס) אַ מעסער מיט אַ פערגלמוטערן הענדטעל?

פּראָפעסאָר (דערשראָקען): וואָס פאַלט דיר איין!

עלזע: איך פרעג דיך נאָר: דו האָסט?...

פּראָפעסאָר (קלערט נאָך): כ'הויב נישט אָן צו וויסען!

עלזע: לילי, מיין איינציגע טאָכטער, זאָג מיר, האָסט אַראָבגענומען פון טיש אַ מעסער מיט אַ פערלמוטערן הענדטעל? זאָג מיר נאָר דעם אמת?

לילי: ניין, מאַמאַ! (וויל צוגעהן צו פריש'ן).

עלזע (דערלאָזט זי נישט): קום נאָר איצט דאָ אַהער, שטעה נאָר נעבען מיר! (קלינגט).

## צעהנטער אויפטריט.

די פריגע, האנא (קומט דורך דער מיט).

עלזע: זאָג, האנא, דעם אמת: דו האָסט אַראָבגענומען פון טיש אַ מעסער מיט אַ פערלמוטערן הענדטעל? דו הערסט, נאָר דעם ריינעם אמת!

האַנאַ: ניין!

עלזע: דו קאָנסט געהן! (האַנאַ אָב). אויך איך קאָן שווע-

רעֶן, אַז איך האָב נישט אַראָבגעגנומען פֿון טיש דאָס מעסער מיט׳ן פערעלמוטערן הענדטעל, און איידער איהר, ה׳ דאָקטאָר, זענט אַריינגעקומען, איז עס דא געלעגען. וואָס זאָגט איהר איצט?

פראָפעסאָר און לילי: (צופען עלזע׳ן ביים קלייד, כדי זי שטיל צו מאַכען).

לילי: אָבער, מאַמאַ!

פראָפעסאָר: עלזע, וואָס טוט זיך מיט דיר?

פריש (אַפּאַרט): זי האַלט מיך פאַר א מעסער-פרעסער (האָט זיך אויפגעשטעלט). אָט איז עס. איהר וועט עס נעהמען יעדע האַלבע שעה, מעהר גאָרנישט, ס׳וועט זיכער אַריבער (קוקט אויפ׳ן זייגער) איך מוז שוין אַוועקגעהן, נאָר איך וועל נאָך היינט זיין דא.

עלזע: אָ, נישט נויטיג. איך דאַרף אייך נישט האָבען.

לילי (ברעכט אוים אין א געוויין).

פראָפעסאָר (בערוהיגט זי).

פריש (שטיל צום פראָפעסאָר): איהר דאַרפט נישט זיין בע־זאָרגט! איהר דאַרפט זיך גאָרנישט שרעקען! אייער פרוי מוז אונ־בעדינגט האָבען רוה, זי וועט דאַן זיכער געזונד ווערען. די גע־הירען גאָר ביי איהר אַביסעל נישט אין אָרדנונג. איך וועל נאָך היינט דאָ זיין! אויף ווידערזעהן! (אַב הערך דער מיט).

## עלפטער אויפטריט.

פראָפעסאָר, עלזע, לילי.

לילי (רופט נאָך וויינענדיג): אַדיע, מאַקס! (לויפט שנעל צו צו איהר מוטער) מאַמאַ, וואָס טוט זיך מיט דיר?

פראָפעסאָר: דער דאָקטאָר מיינט דאָך, אַז דו ביזט (תייזט אָן אויפ׳ן שטערען) דאָ עפעס נישט אין אָרדנונג. ווי האָסטו דיך נישט געשעמט צו מאַכען אַזאַ כצענע?

עלזע: דו ביזט בלינד און טויב און דעריבער מוז איך אַליין אַלץ זעהן, הערען און ריידען.

## צוועלפטער אויפטריט.

די פריגע, האַנא (קומט אריין וויינענדיג).

פ ר אָ פ ע ס אָ ר (נעהמט פֿון ביכערשאַנק אַ בוך און זעצט זיך לעזען ביים טיש רעכטס).

ה אַ נ אַ: מאַדאַם, איך... איך האָב אייך עפּעס צו זאָגען... איך וואָלט גערן געשוויגען... נאָר איך קאָן נישט .. איך טאָר נישט... שוין נאָר צוליב דער פֿריילינס צוקונפֿט!

ע ל ז ע: וואָס אַזוינס?

ה אַ נ אַ: מאַדאַם, איך בין 24 יאָהר ביי אייך... איבער אַ יאָהר וואָלט געוואָרען 25 יאָהר... איהר זיינט שטענדיג געווען גוט צו מיר... איך קאָן מיך נישט בעקלאָגען...

ע ל ז ע: אָבער זאָג שוין. וואָס דו ווילסט!

ה אַ נ אַ (נעהמט זיך צוזאַמען און זאָגט אַרויס מיט שרעק): מאַדאַם, אין דעם הויז איז פֿאָרגעקומען אַ רויב-אָנפֿאַל.

פ ר אָ פ ע ס אָ ר (קוקט זיך אַרום).

ע ל ז אַ: אַ רויב-אָנפֿאַל? ווער? אויף וועמען?

ה אַ נ אַ: איך בין פריהער דאָ געשטאַנען, קומט אַריין דער דאָקטער און רייסט ביר מיט גוואַלד אַראָב מיין רינגעל פֿון פינגער.

ע ל ז אַ (קוקט בעדייטונגספֿול אָן איהר מאַן).

פ ר אָ פ ע ס אָ ר (לעזט ווייטער).

ל י ל י: און מיר האָט ער געזאָגט, אַז דער פינגער האָט דיר וועה געטהון און צוליב דעם האָט ער דיר אַ־אָבגענומען דאָס רינגעל. אָ, מאַקס! מאַקס!

ע ל ז ע (צו לילי'ן): געה, מיין אומגליקליכע טאָכטער, אַרויס! אָדער ניין, — בלייב, ס'איז אפשר בעסער, אַז דו זאָלסט וויסען, ווער ער איז!

ה אַ נ אַ: מאַדאַם, אויב ביי אונז אין שטוב קאָן אַזעלכעס געשעהן, וויל איך מעהר דאָ נישט בלייבען.

ע ל ז ע: דו יאָג זיך נאָר נישט, בלייב אין איך וועל שוין זעהן, אז ער זאָל דיר דעם רינג אויך צוריקגעבען.

(ס'קלינגט).

ע ל ז ע: ווער קאָן דאָס זיין? האַנאַ, געה אַרויס עפֿענען.

ה אַ נ אַ (געהט אָב דורך דער מיט).

עלזע (צום מאַן): נו, וואָס זאָגסטו איצט? אונזער דינסט האָט ער אויך בע'גנב'עט!

לילי (פּאַלט דער מוטער אויפ'ן האַלז): וואָס רעדסטו, מאַמאַ.

עלזע: אומגליקליך קינד! וויין דיך אויס אויף מיין מוטער-האַרץ.

פּראָפּעסאָר: פאַרלויפיג דאַרף מען נישט מאַכען קיין טומעל. מ'דאַרף וואַרטען ביז דער דאָקטאָר וועט קומען און דאַן וועט מען איהר פרעגען וואָס ס'איז געוואָרען מיט'ן רינג, שטענדיג מוז מען אויסהערען ביידע צדדים! (ער לעזט ווייטער).

האַנאַ (קומט צוריק דורך דער מיט): דרויסען שטעהט אַ הערר, וואָס וויל ריידען מיט'ן ה. דאָקטאָר פריש. אַז איך האָב איהם געזאָגט, אַז דער דאָקטאָר איז נישטאָ, האָט ער געענטפערט, אַז ער וויל ריידען מיט'ן ה' פּראָפּעסאָר.

עלזע (צו איהר מאַן): אַ הערר וויל מיט דיר ריידען!

פּראָפּעסאָר: ש'ין! (שטעהט אויף און לעגט אַוועק דאָס בוך)

עלזע: גהע, לילי, איך קום אויך באַלד (לילי צו האַנאַ'ן), זאָג דעם הערר, אַז ער קאָן אַריינקומען.

האַנאַ (אָב דורך דער מיט): גוט!

עלזע: אַזוי ווי ס'האַנדעלט זיך וועגען דאָקטאָר פריש, וועל איך דאָ בלייבען! (געהט אָב אויף לינקס, אַזוי אַז דער אַריינקומענדער בעמערקט זי נישט באַלד).

## דרייצעהנטער אויפטריט.

### פּראָפּעסאָר, שטיין, עלזע.

שטיין (אַריינקומענדיג): געעהרטער ה' פּראָפּעסאָר! ענטשולדיגט מיר מיין דרייסקייט, וואָס כ'בין אַלס אונבעקאַנטער אַריינגעקומען, נאָר ס'האַנדעלט זיך וועגען אַ וויכטיגע זאַך! מיין נאָמען איז שטיין. איך בין נעכטען געוועזען צוזאַמען אין אַ קאַפע-הויז מיט'ן דאָקטאָר פריש, און ווען כ'בין אַהיימגעקומען, האָב איך בעמערקט, אַז איך האָב נישט מיין פּאָרטפעל. איך בין באַלד צוריקגעגאַנגען אויפ'ן וועלבען אָרט. פריש איז מעהר נישט געוועזען, נאָר

דער קעלנער האָט מיר געזאָגט, אַז דער הע־ר וואָס איז, געוועסען צוזאַמען מיט מיר, האָט צוגענומען מיין פּאָרטפעל. ער האָט עס אַליין געזעהן. דאָס האָט מיך שטאַרק בערוהיגט.

**עלזע:** בערוהיגט?

**שטיין** (דרעהט זיך איבערראַשט אויס צו עלזע'ן, װעלכע ער האָט ביז איצט נישט געזעהן און פאַרנייגט זיך): ענטשולדיגט, וואס איך האָב אייך נישט בעמערקט.

**עלזע:** ס'מאַכט נישט, ס'מאַכט נישט. זעצט אייך און דער־צעהלט ווייטער: אַלזאָ „בערוהיגט"?

**שטיין:** יאָ. היינט באַלד אין דער פריה בין איך אַהינגע־גאַנגען צו פריש'ן. כ'האָב איהם אָבער שוין נישט געטראָפען אין שטוב און מ'האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז דאָ אַהערגעגאַנגען.

**פּראָפעסאָר:** ער איז ווירקליך דאָ געווען, ער איז אָבער שוין אַוועקגעגאַנגען. נאָר ער קומט נאָך ווידער.

**שטיין:** בעט איך אייך, אַז איהר זאָלט אַזוי גוט זיין און איהם זאָגען, אז כ'וואָלט איהם זעהר געבעטען, אַז ער זאָל מיר וואָס שנעלער צוריקגעבען מיין פּאָרטפעל, ווארום מיין גאַנץ געלד ליגט דאָרט.

**עלזע:** ווי אַזוי?

**שטיין:** ווייל איך האָב געהאַט בלויז פּאַפּיר־געלד, און אין פּאָרטמאָנע האַלט איך בלויז קליין־געלד.

**עלזע:** ניין, איך מיין ווי אזוי קומט עס, אַז דער דאָק־טאָר זאָל צונעהמען אייער פּאָרטפעל?

**שטיין:** דאָס איז דאָך דאָס גליק, ווען נישט וואָלט איך איצט געוואָרנישט געהאַט... נו, איך האָב אייך שוין גענוג געשטערט. איך דאַנק אייך בעסטענס פאָראויס. אַדיע! (אָב דורך דער מיט).

## פערצעהנטער אויפטריט.

**פּראָפעסאָר, עלזע.**

**עלזע:** דו האָסט געהערט: דאָס איז דאָך דאָס גליק? ער האָט געוויס געוויסען, אַז פריש ליידט אויף קלעפּטאָמאַניע און האָט

דעריבער, אַז ער וועט צוריקגעבען דאָס געלד. נו, וואָס זאָגסטו איצט וועגען דיין צוקונפטיגען איידעם?

פראָפּעסאָר: יאָ... זאָל ער ווירקליך?... ס'גלויבט זיך מיר אָבער נישט... (זעצט זיך צוריק צום בוך) דאָ מוז געוויס זיין אַ טעות.

עלזע (בייז): אַ טעות! גוט, איך וועל מאַכען נאָך איין פּראָבע: מעגליך, אַז דאָס וועט דיך איבער־צייגען! אָט דאָ לעג איך אַוועק (זוכט אין דער טאַש פון קליידער און געפינט אַ שליסעל) דעם אַלטען שליסעל פון גאָרטען, וואָס האָט אַ צובראָכען צינגעל (לעגט אַוועק דעם שליסעל אויפ'ן טיש לינקס) און ס'וועט מיך נישט אַרען, אויב ער וועט אַוועקקומען. דו זעהסט, דאָ ליגט ער און מיר וועלען זעהן! (אַב רעכטס).

פראָפּעסאָר: גוט, לאָמיך נאר ריידען מיט פּריש'ן, וועלען מיר שוין זעהן!

## פופצעהנטער אויפטריט.

פראָפּעסאָר, האַנאַ.

האַנאַ (קומט אַריין דורך דער מיט): ה' פּראָפּעסאָר, איך וויל דיך צוקעהרען.

פראָפּעסאָר (לעזט).

האַנאַ (העכער): ה' פּראָפּעסאָר, איך וויל צוקעהרען!

פראָפּעסאָר (בייז): מ'לאָזט נישט צו רוה אַ מינוט. נו, קעהר שוין אויס! (גיט אַ קוק אויפ'ן זייגער) אָ, שוין אַזוי שפּעט און איך האָב אַזוי לפּיל אַרבייט (נעהמט דעם שליסעל פון טיש ליגקס און לעגט איהם אַריין אין געעפּענטען בוך, פערמאַכט עס און שטעלט עס אַריין אין דער ביכער־שאַנק) אַ שאָד, אַזאַ אינטערעסאַנטע שטעל לאָמיך כאָטש נישט פערגעסען, וואו כ'האַלט! (אַב רעכטס).

## זעכצעהנטער אויפטריט.

האַנאַ (אַליין).

האַנאַ (רוימט און קעהרט): ענדליך האָב איך אָנגעלערנט

דעם דאָקטאָר! ווי איך האָב איהם פֿיינט! יעדעס מאָל, ווען כ'בין קראַנק געווען, האָט ער מיר שטענדיג געגעבען אַזעלכע ביטערע מעדיצינען, אַז איך האָב שיער נישט געבראָכען. איך פֿאַרשטעה, ער וויל מיך אַוועקבּרענגען, ווייל ער איז אייפֿערזיכטיג אויף פֿריי-ליין לילי, וואָס האָט מיך אַזוי ליב. אָבער היינט האָב איך איהם דערלאַנגט אַ ביטערע מעדיצין... און דערצו נאָך אַזאַ געמיינהייט, מיר אַראָבצורייסען פֿון פֿינגער מיין קדושין-רינגעל. מיין באָבּע פֿלעגט שטענדיג זאָגען, אַז מ'טאָר נישט אויסטאָן דאָס קדושין-רינ-געל, אַז נישט פּאַסירט אַ אומגליק. זי פֿלעגט שטענדיג זאָגען, אַז דאָס קדושין-רינגעל טאָר מען קיינמאָל נישט אויסטאָן און ס'מוז אַזוי אַריינוואַקסען אין פֿלייש, אַז מ'זאָל קיינמאָל נישט דערקענען, וואו ס'איז דאָס פֿלייש און וואו דאָס רינגעל. און אין אַלעם איז שולדיג דער דאָקטאָר. אָ, וואו נעהמט מען איהם איצט, איך וואָלט איהם אָנגעקוקט אָט אַזוי (מאַכט אַ מינע), און דערנאָך אַ שטופּ גע-געבען (זי מאַכט אַזאַ בעוועגונג, אַז זי וואַרפֿט אַראָב פֿון דער שאַנק אַ וואַזע, וואָס ווערט צובראָכען). נאַ, און אָט איז דאָך טאַקע דאָס אומ-גליק! און אַלץ איז דער דאָקטאָר שולדיג!

(ס'קלינגט אין דרויסען).

האַנאַ: אוי, מ'געהט! איצט מוז איך שנעל אַוועקרוימען די צובראָכענע שטיקלעך! (קלויבט צוזאַמען די שטיקלעך און וואַרפֿט זיי אין אויוון). זאָלען זיי דערווייל דאָ ליגען!

(ס'קלינגט ווידער אין דרויסען).

האַנאַ שוין, שוין, כ'געה שוין! (זי געהט אָב דורך דער מיט).

## זיבעצעהנטער אויפֿטריט.

האַנאַ, פּריש.

פּריש (קומט אַריין צוזאַמען מיט האַנאַ'ן דורך דער מיט).

האַנאַ: זעצט אייך, ה' דאָקטאָר, איך רוף באַלד אַריין די הערשאַפֿטען (אָב רעכטס).

פּריש (קוקט זיך פֿאָרזיכטיג אַרום און נעהמט צו אַ קליינע בראָנז-פֿיגור, וועלכע שטעהט צווישען אַנדערע זאַכען לינקס אויף דער שאַנק):

כ'האָב שוין לאַנג געוואָלט שענקען לילין עפּעס אַ זאַך, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו דער דאָזיגער בראָנז-פיגור (לעגט אַריין די בראָנז-פיגור אין טאַש). איצט איז די פּאַסיגסטע געלעגענהייט, קיינער איז נישטאָ און מ'קאָן נישט אַזוי לייכט דערקענען, אַז ס'פעהלט אין דער שטוב די קליינע פיגור און מאָרגען שטעהט זי ווידער אויף איהר פּלאַץ. ביז מאָרגען וועל איך שוין געפינען איינעם, וואָס זאָל צורייטען עפּעס אַ שענע איבערראַשונג צו לילי'ס געבורטסטאָג.

## אַכצעהנטער אויפטריט.

פּריש, פּראָפעסאָר, עלזע און לילי (קומען פון רעכטס).

האַנאַ (געהט זיי נאָך פון דאָרט און געהט אָב דורך דער מיט)

פּריש: נו, וואָס מאַכט איהר עפּיס?

עלזע (האָט תיכף בעמערקט, אַז דער שליסעל אויפ'ן טיש לינקס פעהלט, האַלט צוריק איהר מאַן און טאָכטער און ווייזט אָן מיט איינגעשטרעקטע אויגען אויפ'ן טיש).

פּריש: ס'איז אייך שוין בעסער, שוויגער? דאָס פיבער האָט, וואַהרשיינליך, נאָכגעלאָזט (ער וויל אָנטאַפּען עלזע'ס פולס).

עלזע (שרייענד און צוריקלויפענד): איה' ווילט מיר מיין געזונד אייך צונעהמען! (שפּעטשענד צום מאַן און טאָכטער) דער שליסעל איז — פערשוואונדען!

פּריש (אַפּאַרט): אָרימע פרוי, זי קריגט נעבאַך ווידער איהרע אַטאַקעס! (צו לילין) לילי, פאַרוואָס געהסטו נישט צו צו מיר? טייערע מיינע, טרייסט דיך, עס וועט ווידער בעסער ווערען. (וויל צוגעהן צו לילי'ן).

לילי (ציהט זיך צוריק).

פּריש: וואָס איז דיר? דו אויך? גרויסער גאָט! איך האָב נישט קיין ווערטער.

פּראָפעסאָר (אונצופרידען פון דער האַלטונג פון די פרויען): ליבער דאָקטאָר,ביידע פרויען זענען ליידער משוגע געוואָרען. ס'וועט אָבער אַריבערגעהן. זייט אונבעזאָרגט!

פּריש (געהט אַריין צווישען פּראָפעסאָר און לילי, צום פּראָפעסאָר): וואָס? איהר רעדט אַזוי רוהיג וועגען דאָזיגען טרויעריגען פאַקט?

וואָס איז מערקווירדיג! איך פֿערשטעה דאָס נישט!

פּראָפֿעסאָר: זיי רעכענען, אַז איהר זענט...

עלזע (ענטרעקט, אַז אויף דער שאַנק לינקס פֿעהלט די וואַזע): גאָט אין הימעל! די וואַזע, וואָס איז ערשט פֿריהער דאָ געשטאַנען, איז פֿערשוואונדען!

לילי (בעמערקט, אַז די בראָנזע-פֿיגור פֿעהלט, שרייט אויס): מיין בראָנזע-פֿיגור איז אויך נישטאָ!

פריש: וואָס טוט זיך דאָ?! אַ קאַלטער שווייס בעדעקט מיר דעם שטערן! (נעהמט אַרויס דאָס טאַשענטוך כדי זיך אָבצווישען דעם שטערן און וואַרפֿט דערביי אַרויס פֿון טאַש די בראָנזע-פֿיגור).

לילי (וויינענדיג): מיין בראָנזע-פֿיגור!

פּראָפֿעסאָר, לילי און עלזע (בלייבען פֿערגליווערט).

עלזע: דאָס איז אַרויסגעפֿאַלען פֿון זייער טאַש, ה' דאָקטאָר!

פּראָפֿעסאָר (פֿערלעגען): יאָ, איך בין אַ עדות, אַז פֿון אייער טאַש. צום בעדויערן איז, אַלזאָ, שוין נישטאָ קיין שום ספֿק, אַז איהר ליידט פֿון... קלעפּטאָמאַניע.

פריש: וואָס רעדט איהר! (געהט צו צו די פֿרויען, כדי זיי צו בערוהיגען).

לילי און עלזע (ציהען זיך פֿאַר איהם צוריק. אַלץ, וואָס ס'געפֿינט זיך אויף זייער וועג, נעהמען זיי צו זיך און בעהאַלטען עס פֿאַרן דאָקטאָר).

פּראָפֿעסאָר: איך בעדויער זעהר, ה'דאָקטאָר, ס'טהוט מיר זעהר לייד, נאָר, איהר זענט קראַנק. איהר האָט עס דאָך אָבער פֿריהער געוואוסט און איהר האָט נישט געטאָרט בעטען די האַנד פֿון מיין טאָכטער! הערר דאָקטאָר! איך ערלויב אייך מעהר נישט אַריינצוקומען צו מיר! אַדיע, ה'דאָקטאָר!

פריש (האָט זיך בעמיהט צו קומען צום וואָרט, ס'האָט זיך איהם אָבער נישט איינגעגעבען): אַ ריין משוגעים-הויז! גוט, איך געה! אַדיע! (אָב דורך דער מיט).

## ניינצעהנטער אויפֿטריט.

פּראָפֿעסאָר, לילי, עלזע, דערנאָך האַנאַ.

לילי (צעווינט זיך ווידער).

פראָפעסאָר (פאַלט אַנידער אויף אַ שטול רעכטס).

עלזע (פאַלט אויף אַ שטול לינקס).

(פויזע).

עלזע (מיט אַ שטימע געשטיקט פון טרערן): נו?

פראָפעסאָר: נו?!

עלזע: שרייב שוין אָן צו פּריש'ן, דאַנק איהם פאַר דעם, וואָס ער איז געווען אַזוי איבערגעגעבען אַלס דאָקטאָר צו אונז און בעט איהם. ער זאָל צושיקען אַ רעכנונג, וויפיל ס'קומט איהם. מיר מוזען זיך פאָלשטענדיג אָבוויקלען פון איהם.

פראָפעסאָר: יאָ, יאָ, איך וועל עס שפּעטער טון. איצט בין איך נאָך אַזוי אויפגערעגט פון דעם, וואָס איז דאָ געשעהען, אַז כ'קאָן עס נישט טון. אויסערדעם, דאַרף מען איבערהויבט אָבוואַרטען. מעגליך, ווערט אַז ער אונז צושיקען א בריף, אין וועלכען ער וועט אונז אַלץ ערקלערען. מיר גלויבט זיך נאָך אַלץ נישט...

עלזע: און די בראָנז-פיגור?

לילי (צעווינט זיך ווידער).

פראָפעסאָר: יאָ, די פיגור!

(ס'קלינגט אין דרויסען).

האַנאַ (קומט אַריין דורך דיער מיט): ה' שטיין! (זי לאָזט אַריין שטיינ'ען און געהט אָב דורך דער מיט).

## צוואנציגסטער אויפטריט.

פראָפעסאָר, לילי, עלזע, שטיין.

פראָפעסאָר און עלזע (הויבען זיך אויף און גיבען איהם אַ צייכען צו זיצען).

שטיין (געהט אַריין צווישען פּראָפעסאָר און לילי): ענטשולדיגט, איך שטער דאָך נישט? איך האָב נאָר געוואָלט פרעגען, צי איהר האָט גערעדט מיט'ן ה' דאָקטאָר וועגען מיין פאָרטפעל און צי ער האָט איהם דאָ איבערגעלאָזט!

פראָפעסאָר: ניין!

שטיין: איז ער דען נאָך נישט געווען?

פּראָפעסאָר: יאָ, ער איז יאָ געווען, נאָר...

שטיין: נאָר?

פּראָפעסאָר: דער דאָקטאָר פריש איז קראַנק... געשטאָרבען...

שטיין: וואָס רעדט איהר, געשטאָרבען... ווירקליך געשטאָרבען?

פּראָפעסאָר: ניין, פאַר אונז איז ער אַזוי גוט ווי געשטאָרבען. ער וועט שוין מעהר קיינמאָל צו אונז נישט אַריינקומען. מיר האָבען דאָ געהאַט אַ פיינליכע סצענע און איך האָב נישט געהאַט קיין צייט צו דערמאָנען אייער אַנגעלעגענהייט (פערטרויליך). דאָקטאָר פריש ליידט אויף קלעפּטאָמאַניע!

שטיין: נאַרישקייטען! ה' פּראָפעסאָר, גרויסע געלעהרטע לייקענען גאָר אינגאַנצען אָב די גאַנצע קראַנקהייט.

פּראָפעסאָר: איך האָב אויך אין אָנהויב נישט געגלויבט דערין. ווי איז אָבער, אַז ער האָט ביי אונז אַרויסגעגנב'עט אַ אַלטען גאָרטען-שליסעל, אַ שוואַרצען באַנד און אַ טואַלעט-געגענשטאַנד פון מיין פרוי, וואָס מיין גוטע ערציהונג לאָזט מיך נישט אָנרופען ביים נאָמען? אייך האָט ער דען נישט צוגעגנב'עט אייער פּאָרטפעל?

שטיין: וואָס רעדט איהר, זעהר געעהערטער ה' פּראָפעסאָר ער האָט אייך אַ זעלכעס געזאָגט?

פּראָפעסאָר: איהר האָט עס דאָך אַליין פריהער ערצעהלט?

שטיין: איך? פערקעהרט, ה' פּראָפעסאָר, ער האָט גענומען מיין פּאָרטפעל, וועלכען איך האָב אויף אַ לייכטזיניגען אופן פאַר געסען אין קאַפּעע-הויז, און איך בין איהם דערפאַר זעהר דאַנקבאַר, ווארום ווען ער וואָלט עס נישט געטון, וואָלט איך מיך שוין געמוזט געזעגנען אויף אייביג מיט מיין פּאָרטפעל.

פּראָפעסאָר: אַזוי?! אָבער ביז איצט האָט ער איהם אייך נישט צוריקגעגעבען?!

שטיין: גאַנץ איינפאַך דערפאַר, ווייל ער האָט פערגעסען, אַז ער האָט איהם גענומען צו זיך.

פּראָפעסאָר: און וואָס זאָגט איהר צום שוואַרצען באַנד, צום גאָרטען-שליסעל און צום?... (ער מאַכט אַ בעוועגונג, ווי ער וואָלט געוואָלט אָנטון אַ זאָקען-בענדעל).

שטיין: איך זאָג, אַז פּריש איז נישט פּריש, געזונד און משוגע און אויב ער האָט די זאַכען גענומען צו זיך, האָט ער געוואוסט וואָס ער טוט, און, וואַהרשיינליך, האָט ער אַ אורזאַך דערצו.

עלזע (נעהמט אַריין צווישען שטיינ'ען און לילי'ן): איך וואָלט געוואָלט וויסען די אורזאַך, וואָס צווינגט איהם צו גנב'נען וואַזעס און פיגורען.

שטיין: האָט ער אַזעלכעס געטון?

פּראָפעסאָר, עלזע און לילי (גלייכצייטיג): יאָ.

עלזע: ערשט מיט איניגע מינוט צוריק איז פון זיין טאַש אַרויסגעפאַלען אָט די דאָזיגע בראָנז-פיגור, וואָס איז געשטאַנען דאָרט אויף דער שאַנק! זעהר געעהרטער הערר, איהר זאָגט דאָך, אַז איהר זענט היינט געווען אין זיין וואוינונג; האָט איהר דאָרט גאָרנישט בעמערקט פון די זאַכען, וועלכע פעהלען אונז? אַ שוואַרצער באַנד, אַ שליסעל אהן אַ צינגעל, אַ וואַזע?

שטיין: ניין. קיין איין זאַך נישט! זאָגאַר דאָס (ער מאַכט נאָך אַ זאָקען-בענדעל) אויך נישט.

עלזע: אַ פּערלמוטערן מעסער?

שטיין: (טראַכט נאָך) אַ פּערלמוטערן מעסער? יאָ, דאָס, דאַכט זיך מיר, האָב איך געזעהן ליגען אויפ'ן טיש.

עלזע: אָ, זעהט איהר שוין!

לילי: אַלץ איז טאַקע אמת?!

עלזע: איהר זאָגט אליין, אַז איהר האָט עס געזעהן ביי איהם?

שטיין: יאָ, צי האָט איהר נאָך פיל אַזעלכע פּערלמוטערנע טאַשענמעסערלעך?

עלזע: וואָס פאַר'ע טאַשענמעסערלעך?

שטיין: איך מיין, ווי דעם דאָקטאָר פּריש'ס פּערלמוטערן מעסערל, וואָס כ'האָב געזעהן ליגען ביי איהם אויפ'ן טיש.

עלזע: איהר שפּאַסט גאָר פון מיר! טאָ געהט אייך צו אײַער פריינד און זאָגט איהם, אַז אַלע זאַכען, וואָס ער האָט צו־גענומען, קאָנען בלייבען ביי איהם, נאָר דאָס מעסער זאָל ער מיר צוריקשיקען, ווייל דאָס האָב איך אַ אָנדענקונג פון מיין זיידען. ער זאָל זיך אָבער נישט בעמיהען אַליין צוריקצוברענגען דאָס מע־סער, ווארום מיר פּאָהרען אַוועק אויף אַ קורצע צייט.

שטיין: גוט, איך געה און וועל איהם אויפזוכען און דערצעה־לען, וואָס איהר האָט דאָ אַלץ אויסגערעדט אויף איהם (אַפּאַרט) איך מוז זאָפאָרט אַנטלויפען, ווארום זיי ריידען אַלע פון היץ! (אָב דורך דער מיט).

## איינאונצוואַנציגסטער אויפטריט.

די פאָריגע (אָהן שטיינ׳ען), האַנאַ.

האַנאַ (קומט דורך דער מיט): איך האָב נאָר געוואָלט זאָ־גען, אַז דער הערר דאָקטאָר... (וויינט).

פראָפעסאָר: וואָס איז? וואָס האָט ער שוין ווידער?

האַנאַ: אַז דער ה׳ דאָקטאָר האָט מיר... (צוכליפּעט זיך).

עלזע: אָבער, האַנאַ, וואָס האָט ער דיר שוין ווידער?

האַנאַ (שרייט): אַז דער ה׳ דאָקטאָר האָט...

עלזע: אָבער דערצעהל שוין אַמאָל, וואָס האָט ער?

האַנאַ (צוכליפּעט זיך ווידער): מיין רינג... מיין רינג...

פראָפעסאָר: וואָס איז דאָרט מיט׳ן רינג?

האַנאַ: צוריקגעגעבען, ווען ער איז פריהער אַרויסגעגאַנגען.

פראָפעסאָר: אָבער צוליב וואָס האָט ער איהם פריהער גענומען? האָט ער דיר גאָרנישט געזאָגט?

האַנאַ: יאָ, ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט שוין מעהר אין דעם הויז נישט אַריינקומען.

ליפי (צעוויינט זיך).

האַנאַ: ער האָט מיר נאָר ערקלערט, פאַרוואָס ער האָט ביי מיר געבאָרגט דעם רינג...

עלזע (גלייכצייטיג): געבאָרגט?

האַנאַ: יאָ, געפּאָרגט. די געשיכטע איז אַזאַ: זיין פער-לאָבונגס-רינג איז איהם פעולוירען געגאַנגען אין זיין חאוינונג און אַזוי ווי ער האָט נישט געוואָלט, אַז פריילײַן לילי זאָל עס בע-מערקען און האָבען עגמת-נפש...

לילי (צוכליפּעט זיך).

האַנאַ: ...האָט ער ביי מיר געבאָרגט מיין רינג.

פּראָפעסאָר (צו זיין פרוי): דו הערסט?

עלזע: יאָ, איך הער. איך פרעג אָבער, וואו זענען אַלע אנדערע זאַכען, וואָס פעהלען אונז?

(ס'קלינגט אין דרויסען).

האַנאַ (געהט אָב דורך דער מיט).

עלזע: די געשיכטע מיט'ן פּאַרטפּעל איז אויך נאָך נישט קלאָר.

## צוויי און צוואנציגסטער אויפטריט.

די פאָריגע (אָהן האַנאַ), שטיין.

שטיין (קומט שנעל אַריין דורך דער מיט): ניין, זי איז שוין יאָ קלאָר! אָט איז ער! איך האָב ענדליך געטראָפען פריש'ן אין זיין וואוינונג. ער האָט גאָר אינגאַנצען געהאַט פערגעסען אין מיין פּאָרטפּעל און אַזוי ווי איך האָב איהם נאָר דערמאָנט, האָט ער מיר איהם זאָפאָרט אָבגעגעבען.

עלזע: מיט'ן גאַנצען געלד?

שטיין: זעלבסטפערשטענדליך. מיין פריינד איז געוועזען זעהר ברייז, ווען איך האָב איהם דערצעהלט, וואָס איך האָב דאָ געהערט. אַזוי ווי איהר בעשולדיגט איהם, אַז ער האָט אייך בע'גנב'עט, קלאָגט ער אייך איין אין געריכט. ער קען אָבער אויך דעם גנב (ער רוקט זיך נאָהנט צו צום פּראָפּעסאָר): הערר פּראָפעסאָר!

פּראָפעסאָר: נו? (ער רוקט זיך אָב).

שטיין: ער געפינט זיך אין דער דאָזיגער שטוב.

פּראָפעסאָר: וו—אָ—ס?

לילי (װיינענדיג): רד זעהסט, מאַמאַ, ער איז אונשולדיג!

איך האָב עס שוין גענדיג געזאָגט!

פראָפעסאָר: אָבער זאָגט מיר, ווער האָט געקאָנט ..

שטיין: דאָקטאָר פריש קען איהם... איך מוז אַוועקגעהן... אַדיע! אויף ווידערזעהן אין געריכט!

פראָפעסאָר (האַלט איהם צוריק): אָבער זעהר געעהרטער הערר, בלייבט נאָך אַ מינוט. זאָגט אייער פריינד, אַז ער דאַרף נישט קלאָגען, אַז ער דאַרף נישט...

שטיין: איך קאָן אייך גאָרנישט העלפען, ער איז זעהר אויפגערעגט, און ער איז שוין געוויס געגאַנגען אין געריכט.

פראָפעסאָר (צוזאַמען): וואָס רעדט איהר!

עלזע: דאָס איז שרעקליך!

פראָפעסאָר (צו זיין פרוי): דו זעהסט, צו וואָס דו האָסט געבראַכט?

עלזע: דו אַליין ביזט דאָך געוואָרען איבערצייגט אין דאָקטאָר'ס שולד, ווען די בראָנז-פיגור איז אַרויסגעפאַלען פון זיין טאַש!

יאָ, די בראָנז-פיגור!

שטיין: ער איז מודה, אַז ער האָט עס געטון. אָבער ווייסט איהר צוליב וואָס? ער האָט געוואָלט קויפען אַ ענליכע זאַך צום פרייליין ליליס געבורטסטאָג, אַזוי ווי ער האָט צוגעזאָגט.

לילי: אַך, ליבער מאַקס! מאַמאַ, דו זעהסט, ער איז אונשולדיג און נישט קראַנק, ווי דו האָסט געזאָגט. אָ, איך אומגליקליכע! איך וועל שטאַרבען, אויב מאַקס וועט נישט זיין מיין מאַן! העלפט מיר, זעהר געהערטער ה' שטיין! העלפט מיר!

שטיין: איך בעדויער זעהר, אָבער איך קאָן אייך גאָרנישט העלפען. אַדיע!

עלזע: אָבער זעהר געעהרטער ה', זעהט כאָטש, אַז אייער פריינד זאָל אונז נישט איינקלאָגען!

פראָפעסאָר: מיר וועלען טון אַלץ, וואָס ער פערלאַנגט!

עלזע: יאָ, מיר וועלען זאָגאַר געהן צו איהם.

שטיין: (מאַכט עלזען נאָך) דאָס דאַרפט איהר ניט טון, וואָרום ער איז אַוועקגעפאָהרען אויף אַ קורצע צייט.

פראָפעסאָר: וועלען מיר איהם נאָכפאָהרען. מיר טאָרען

נישט דערלאָזען צו אַ פּראָצעס.

שטיין: אָבער ציִ וועט דאָס העלפען! (ער פערטראַכט זיך) איין זאַך אפּשר קאָן אויף איהם ווירקען.

פּראָפעסאָר: האָס?

שטיין: אויב...

עלזע:
לילי: } אויב?

שטיין: אויב איהר וועט איינשטימען... (ער שטעלט זיך אָב).

עלזע: (זעהר געשפּאַנט) אָבער וואָס? רעדט שוין אמאָל אַרויס!

שטיין (יעדעס וואָרט בעטאָנענדיג בעזונדער און ריידענדיג לאַנג־זאַם): אויב איהר וועט איינשטימען, אַז די חתונה צווישען אייער טאָכטער, פריילין לילי, מיט איהר געליבטען, ד"ר פּריש, זאָל פאָרקומען נאָך היינטיגען חודש.

לילי: יאָ, יאָ, מאַמאַ!

עלזע: דאָס איז אונמעגליך! איך ווייס נאָך נישט, וואו די איבריגע זאַכען זענען.

שטיין: אַלזאָ, איהר ווילט נישט? אויב אזוי, אַדיע!

פּראָפעסאָר: וואַרט נאָר! יאָ, זאָל זיין, איך וויליג איין.

עלזע: איך וועל עס אָבער נישט דערלאָזען! וואו איז דער שוואַרצער באַנד, דער שליכעל, די וואַזע?

(ס'קלינגט אין דרויסען).

## דרייאונצוואַנציגסטער אויפטריט.

### די פאָריגע, פּריש, דערנאָך האַנאַ.

פּריש (קומט אַריין): איך קאָן איצטער ענטדעקען אַלע געהיימניסען.

פּריש און לילי: (ווילען זיך אַרומנעהמען).

שטיין (געהט אַריין צווישען זיי): וואַרט, דערווייל איז נאָך נישט אַלץ קלאָר.

פּריש: איך האָף, אַז איך וועל אַלעמען באַלד איבערציי־

נען, אז איך בין נישט קיין גנב. נאָך אַ לאַנג זוכען האָב איך איצט נעפונען מיין רינג אין איינעם פון מיינע ביכער אריינגעלעגט, קענטיג, אַלס צייכען, יזאו מ'האָלט אין לעזען (בעטראַכט פאַרשעמט דעם פראָפעסאָר'ס ביבליאָטעק). איך האָב דאָס דאָזיגע בוך שוין לאַנג נישט געלעזען, דער רינג איז אָבער דאָרט אַריינגעלעגט געוואָרען זייט נעכטען, זייט איהר, ה' פראָפעסאָר, זענט געוועזען ביי מיר!

פראָפעסאָר (טרעט אַריין צווישען עלזע'ן און פּריש'ן): איך ווייס נישט וואָס ווילט איהר דערמיט זאָגען? איך פערשטעה אייך נישט...

פריש: מיין רינג איז געלעגען צווישען די זייטלעך פון אַרטיקעל וועגען „דאָקטוירים אין אַלטען רוים".

פראָפעסאָר: יאָ, איך דערמאָן זיך... אַ זעהר אינטערעסאַנטער אַרטיקעל... איך האָב איהם נעכטען אָנגעהויבען צו לעזען ביי אייך, איהר זענט נישט געוועזען אין שטוב. איך האָב זיך אָבער אויף אייך נישט געקאָנט דערוואַרטען און האָב איהם איבערגעלאָזט אין דערמיט...

פריש: ריכטיג, און כדי צו געדענקען, וואו איהר האָט זיך אָבגעשטעלט, האָט איהר אַריינגעלעגט אין בוך אַלס צייכען מיין פערלאָבונגס-רינג, וועלכער איז גראָד געלעגען אויפ'ן טיש.

פראָפעסאָר: וואָס, דאָס האָב איך געטון?

פריש: און ווען איך האָב אָנגעהויבען נאָכצוזוכען נאָך אין אייניגע ביכער, האָב איך געפונען אַ קראַוואַט, וועלכער איז מיר שוין לאַנג פערלוירען געגאַנגען.

שטיין: אויסהערענדיג די ערקלערונגען פון מיין פריינד. ערלויב איך מיר, געעהרטער ה' פראָפעסאָר, צו שטעלען אייך די פראַגע, צי געפינען זיך נישט צווישען אייערע ביכער אויך אַזעלכע צייכענס? איהר ערלויבט דאָך? (געהט צו צו דער ביכער-שאַנק רעכטס, נעהמט אַרויס איין בוך נאָכ'ן אַנדערן, עפענט עס אויף און שטעלט עס צוריק אַריין).

פריש (העלפט איך זוכען און נעפינט אַ שוואַרצען באַנד): אַ שוואַרצער באַנד!

שטיין (געפינט אַ הענטשקע): אַ הענטשקע!

פריש (געפינט אַ שליסעל): אַ שליסעל אָהן אַ צינגעל!

עלזע (פֿערשעמט): דער גאָרטען-שליסעל!

שטיין (נעמט א בריף): אַ נישט-געעפֿענטער בריף צום פֿרייליין לילי — דאָקטאָר פֿריש'ס האַנדשריפֿט.

לילי: גיט אַהער דעם בריף (לויפֿט צו און רייסט אַרויס דעם בריף).

שטיין: אַ פֿערעלמוטערן מעסער — נישט קיין טאַשען-מעסער!

עלזע (צו איהר מאַן): דו!

פֿריש (נעמט עפּעס אין אַ בוך, דערשרעקט זיך און פֿערמאַכט עס)

שטיין (האָט בעמערקט זיין פֿערלעגענהייט און נעהמט איהם אַרויס דאָס בוך פֿון דער האַנד): כאַ... כאַ! (ער קוקט אַריין אין בוך און כאַפּט נאָך די בעוועגונג, ווי ער וואָלט אָנגעטאָן אַ זאָקען-בענדעל; דערנאָך נעהמט ער צו צו לילי'ן און עלזע'ן און גיט זיי איבער דאָס פֿערמאַכטע בוך). גנעדיגע פֿרוי, איך גיב אייך איבער אייער שמערצליכסטען פֿערלוסט.

עלזע (צומישט, צוטומעלט, און דערנאָך שנעל געפֿאַסט): מיין...

לילי (נעהמט אַרום פֿריש'ן): מיין מאַקס! זיי מיר מוחל און אונז אַלע!

פּראָפּעסאָר (שטאַרק פֿערוואונדערט): זאָל איך עס ווירקליך האָבען? איך קאָן זיך אָבער גאָרנישט דערמאַנען.

עלזע: וואָס געווען, איז פֿערפֿאַלען. איצט מעגסטו דאָך אָבער שוין זאָגען דעם אמת, האָסטו די וואַזע, וואָס איז דאָרט געשטאַנען, אויך אַריינגעלעגט אין אַ בוך?

האַנאַ (וועלכע איז שוין לאַנג געשטאַנען אין דער האַלב געעפֿענטער מיטעל-טיר, קומט צוריק-געהאַלטען אריין און רויסט עפּעס אַיין שטיינ'ן אין אויער).

שטיין: אייער האַנאַ האָט מיר נאָר וואָס עפּעס דערצעהלט, נאָר מיט'ן בעדינג, אַז מ'זאָל אויף איהר נישט בייז זיין און איהר מוחל זיין. די וואַזע — איז איהר מלאכה... זי האָט זי בריהער צובראָכען ביים אויסקעהרען.

עלזע: ה' דאָקטאָר, איצט זענט איהר פֿאָלשטענדיג פֿערענטפֿערט און איך בעט, אַז איהר זאָלט אונז פֿערצייהען.

פּ ר י ש: לאָמיר גאָרנישט געדענקען. איך ווייס נאָר איינס איך בין גליקליך און מיין לילי איז גליקליך.

ל י ל י: יאָ, איבערגליקליך, טייערער מאַקס!

ש ט יי ן (צו עלזע'ן, שטרענג): און די חתונה וועט נאָך זיין היינטיגען חודש.

ע ל ז ע: בעשטימט, נאָך היינטיגען חודש.

ש ט יי ן: אָבער אונזער דאָקטאָר האָט דאָך ביי איין עפּעס גע'גנב'עט.

אַ ל ע (קוקען איהם פֿערוואונדערט אָן).

ש ט יי ן: דאָס האַרץ פֿון אייער טאָכטער, זיין ליבע לילי.

פּ ר אָ פֿ ע ס אָ ר: נאָר דאַמאָל בין איך שוין גישט שולדיג.

פֿאָרהאַנג.

קאטערינאסלאווער פארלאג „וויסנשאפט".

## ס'איז ארויס פון דרוק:

ר'מרדכ'לע. מיזים.

" כהן ונביא.

פרץ מארקיש. פוסט און פאס

יהודה נאוואקאווסקי. אגראר-פראגע.

" " מלחמה און שלום.

א. פושקין. יעווגעני אנעגין (איבערזעצט פון א. י. גראדזיענסקי)

* * * ווינטער (לידער-זאמלונג)

ש. ראָסין, באָבע מעשות.

פראָפ. מ. באָגדאַנאָוו. אָט אזוי לעבט מען אויף דער ווייסער וועלט! (אַ דערציילונג פון אַן אַלטע מויז) איבערז. פון אַ. שטראַשון.

## ס'דרוקן זיך און וועלן אין גיכן ערשיינען:

פ. היילפערין. יידישע גראמאטיק.

. דווארקין: צייל און גלויב (אנפאנג אריפמעטיק).

כרעסטאמאטיע

дресъ книгоиздательства: Екатеринославское книгоиздательство „НАУКА".

Екатеринославъ, Воскресенская 15. тел. 9-51.